דאָס איז דאָס אַכצנטע בוך וואָס ווערט אַרויסגעגעבן מיט דער סובווענץ פונעם ליטעראַטור־פאָנד א״נ פון ד״ר שמואל און רבקה הורוויץ ז״ל ביי דער יידישער קולטור־געזעלשאַפט אין ירושלים.

דער ליטעראַטור־פאָנד איז עטאַבלירט צום אָנדענק פונעם געוועזענעם פאָרזיצער פון דער יידישער קולטור־געזעלשאַפט אין ירושלים, ד״ר שמואל הורוויץ און זיין פרוי רבקה, כדי צו העלפן יידישע שרייבערס אַרויסצוגעבן זייערע ווערק.

צום ערשטן מאָל ווערט די סובווענץ צוגעטיילט פאַר אַן ערשטלינג־בוך פון אַ נייעם עולה, מיכאל פעלזענבאַום. דער יונגער מחבר איז עולה געווען קיין ישראל אינעם לעצטן יאָר, צוזאַמען מיט זיין משפּחה, און ער זעצט פאָר זיינע לימודים אין דער יידיש־קאַטעדרע ביים בר־אילן אוניווערסיטעט.

געבוירן איז ער אין דער שטאָט וואַסילקאָוו, אוקראַינע, אין יאָר 1951, געלעבט אין בעלץ, בעסאַראַביע, אַ צענטער פון פּרעכטיקן יידישן לעבנסשטייגער וואָס האָט אויפגעהיטן פון זיין אַמאָליקן רום.

זיינע ערשטע לידער זיינען דערשינען אין ״סאָוועטיש היימלאַנד״, אָבער דער אמתער אַריינטריט זיינער אין אונדזער ליטעראַטור איז דאָס בוך, וואָס מיר דערמעגלעכן איצט צו דערשיינען.

ביז איצט זיינען דערשינען מיט דער הילף פון הורוויץ־פאָנד די וייטערדיקע ביכער:

1977 — בלוט און וואָפן, דערציילונגען פון מאיר יעלין;
1978 — דער פּערציק־יעריקער מאַן, פּאָעמע פון פּרץ מאַרקיש;
1979 — שפּאַצירן אין דער נאַכט, לידער פון דוד ספאַרד;
1980 — שמעטערלינגען שוועבן, דערציילונגען פון קלמן סעגאַל;
1981 — מיין וועג אַהיים, מעמואַרן פון אהרן ראָזין;
1982 — דער חוב פון זכרון, מעמואַרן פון חיים ויידמאַן;
— גרינער ווינטער, מאַרקולעשט, לידער און פּאָעמען פון מאיר חרץ;
1983 — בירָאָבידזשאַן פון דער נאָענט, זכרונות פון אסתר ראָזענטאַל־שניידערמאַן;
— אַליין דאָס לעבן, לידער פון רחל בוימוואָל;
1984 — דער זאַמלער, ראָמאַן פון יאָסל בירשטיין;
1985 — ערב עי״ן, לידער פון פריד וויינינגער;
1986 — פּערל פון גן־עדן, עסייען וועגן קונסט פון יצחק לודען;
1987 — מיין יידיש, לידער פון רחל בוימוואָל;
1988 — קודש וחול אין דער יידישער מוזיק, פון ישׂשכר פאַטער;
1989 — ליריקערס אין דער יידישער ליטעראַטור, עסייען פון י.ח. בילעצקי;
1990 — רינג נאָך רינג, עסייען פון שמעון קאַנץ;
1991 — אַנטאָלאָגיע יידיש־ליטעראַטור אין מדינת־ישראל, אין צוויי בענד.

יידישע קולטור־געזעלשאַפט אין ירושלים

# מיכאל פעלזענבאַום



# עס קומט דער טאָג

## לידער




אַרויסגעגעבן דורך דעם
ד"ר שמואל און רבקה הורוויץ ליטעראַטור־פאָנד
ביי דער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפט אין ירושלים

תל־אביב, תשנ"ב — 1992

MICHAEL FELZENBAUM

# ES KUMT DER TOG

POEMS

Ilustrated by
ALEXANDER KANCHIK

Printed in Israel 1992
נדפס בישראל
דורגרף — סדר: פסח סקוריצקי

# מיכאל פלזנבאום / יום יבוא

## שירים

**איורים: אלכסנדר קנצ׳יק**

בהוצאת הקרן לספרות ע״ש ד״ר שמואל ורבקה הורביץ
ליד החברה לתרבות יידיש בירושלים

# אינהאַלט



מיר דרייען זיך אַרום די זעלבע זאַכן...
דעם סוד פון לעבן — איז ניט צעקייַען...
אין זיך אַליין — אַ קליינעם און אַ שוואַכן
האָב איך דערפילט דיך, מייַן ירושלים.

דער נביא פלוצעם האָט אָנגעהויבן לאַכן:
— דער סוד פון לעבן? קיין כוחות וועט ניט סטייַען...
די גאַנצע וועלט מיט אַלע שענסטע זאַכן
איז דאָך נישט ווערט דייַן שטויב, ירושלים.

די האָפענונג אין אונדז וועט אייביק וואַכן.
דער סוד פון לעבן איז גלייַך צום עץ־החיים.
און יעדער איינער וועט גיין מיט קרומע שליאַכן
צום סוד פון לעבן, צו דיר, ירושלים.

# סאָנעט

אויב דו קענסט, טאָ זײַ מיר מוחל...
כ׳קוש די שטומע ווײַסע שטיינער...
ווי אַ קערפּערל אָן ביינער
ס׳הענגט מײַן אָטעם בײַ דעם הויכן,

בײַ דעם הויכן שטומען טויער
צו די ניט־אַנטפּלעקטע סודות.
אויב דו קענסט, טאָ זײַ ניט ברוגז, —
כ׳בין פאַרפּלייצט מיט ווײַסן טרויער

בײַ דעם כותל מערבֿי,
וווּ עס ליגט צעפּלעטשט דער נבֿיא
ווי אַ קופּערנע מטבע...

שטיי־זשע אויף, דו דאַרפסט מיך בענטשן
בײַ די הייליק־ווײַסע קנייטשן
פון די אייביק־גרויסע ווײען.

* * *

מע לעבט אַ לעבן דאָך...
אפילו דאָ, וואו שטילקייט איז אַ סימן פונעם לעבן.
עס דרייען זיך אַרום
די בעטלער פון כלערליי מדרגות
און מיט די הייזעריקע קולות
קריכן זיי אַריַין אין דער נשמה פון די שטיינער.
וואָס איז מיין עסק? האַ?
זיי האָבן זיך אַ שטיקעלע פרנסה. איז דאַנקען גאָט.

און די פּאָר גויים מיט די צלמס אויף דער ברוסט...
וואָס האָבן זיי פאַרלוירן דאָ,
ביַים כותל מערבי?
אַ נאַר, מסתמא, ווי אַ יעדער איינער מענטש
זיי זוכן אויך דעם וועג צו דעם גן־עדן.
נו, אין אַ גוטער שעה זאָל זיין...

אַ מיידל מיט אַ זעלנער...
כ׳האָב זי דערקענט, —
זי איז געפאָרן דאָך מיט מיר אין איין אויטאָבוס
איבער דער גאַנצער שטאָט
כדי צו זיַין כאָטש אַ פּאָר מינוט מיט דעם געליבטן.
וואָס איז זי, נעבעך, שולדיק, אַז ער וואַכט היַינט
גליַיך ביַים כותל מערבי?

און דער... נאָר גיט אַ קוק
ווי ס׳יאָמערט אָט דער אויסגעדאַרטער ייִד...
מסתמא, זיַינען אים די זינד איבערן קאָפּ.

אוי, טאַטע באַרעמהאַרציקער,
דאָס בין דאָך איך אַליין.



בייַנאַכט
מייַן עלנטע נשמה
פֿאַרלאָזט דעם גוף
און פֿליט אַוועק צום כותל־מערבֿי.
דאָרט ליגט זי בייַ די פֿיס בייַם אַלטן נבֿיא
און מיט די ערשטע זונענשטראַלן
גייט זי אויף
צום אויסגעדאַרטן הייסן גוף,
וואָס צוגעבונדן איז צום כותל־מערבֿי,
ווי טאָג און נאַכט באַוויינט דער אַלטער נבֿיא
מייַן מענטשלעכן באַרוף.

*    *    *

ווי גיך הײַנט פֿאַלט עס צו די נאַכט,
ווי גיך...
עס צינד אָן עמעצער די ליכט
און וואַכט...
סע שפּילט זיך אין דער מוטערטראַכט
אַ קינד...
אַ זקן שרעקט זיך פֿאַר דער נאַכט
און זינד...
די מאַמע דריקט מיך צו צו זיך
און טראַכט...
ווי גיך און שטיל פֿאַרגייט די נאַכט,
ווי גיך...

* * *

בייַנאַכט
כ'האָב בשום אופן ניט געקאָנט
צו זען דייַן גרויסקייט, —
דער הימל איז געווען פאַרצויגן מיט דעם פאָרהאַנג
פון די פרעמדע אויגן.
נאָר אין דער פרי,
ווען די מוראַשקעס זייַנען
אַרויסגעקראָכן אויף דער זון
און האָבן מיט התלהבות געלויבט דייַן נאָמען
האָב איך דערפילט ווי דייַן נשמה
זאַפּט זיך איַין
אין דעם פאַרשטיינערטן, נאָר לעבעדיקן גוף
פון דייַנע קינדער.

בײַנאַכט
איבערן שטעטל האָבן זיך צעבליט די שטערן.
און דורך די ווענט –
דורכזיכטיקע און ריינע ווי די קינדער־טרערן
האָב איך דערזען – אַ קינד
ליגט אין אַ וויגעלע
און פון זײַן שטילן העלן שטערן
עס גייען אויף
צוויי שטראַלן דינינקע
און העט – העט ווײַט זיי ווערן
מגולגל אין אַ הייליקן געשטערן.

לייג צו זײַן שטערן צו דײַן האַרץ
און דאַן וועסטו דערהערן
דעם אייביקן געזאַנג,
וואָס מיט אַ נפשל
בײַנאַכט וועט זיך אומקערן.

* * *

עס קומט דער טאָג...
דער סדר פונעם לעבן ווערט צעבראָכן.
די אַלטע לאַטעס מיט די נײַע יאָכן
איז אַלץ וואָס איך פאַרמאָג.

איך שטיי בײַם ראָג
פון צוויי אַלץ־איינע העלפטן פונעם לעבן...
ס'גייט אויף די זון, נאָר ס'ווילט זיך מיר ניט גלייבן,
אַז ס'קומט דער טאָג.

און אויף דער וואָג
בײַם אמתן בית־דין של־מעלה
כ'וועל אויך אָוועקלייגן די לעצטע שאלה:
— עס קומט דער טאָג?

* * *

דו וואָלקנס זייַנען אָנגעטאָן
אין שוואַרצע העמדער.
און מייַן לבנה שייַנט נאָר
פאַר די פרעמדע.

דער אויסגעווייגטער טאָג איז שוין אַוועק,
איך פיל עס.
ווי זאָל איך בענטשן דעם ראש־חודש הייַנט,
מיט וועלכע תפילות?

ווי נעמט מען ווערטער אויף צו בענטשן
דעם ראש־חודש?
כ׳וועל טרינקען טרערן
פונעם גרויסן ארון־קודש.

צי אפשר בעסער וואָלט געווען
מיר זאָלן הערן
ווי דער ראש־חודש בענטשט אַליין
די נייַע שטערן?

די פערצן קדושים, אומגעקומענע אין תמוז תשמ״ט
אינעם אויטאָבוס תל־אביב — ירושלים

פערצן שורות... אַ סאָנעט...
מיט די לעבעדיקע שורות
פונעם וויסטן ווייַטן גלות
שלאָגט זיך האַרץ מייַנס הייַנט על חטא.

פערצן שורות — מייַנע קינדער.
ס'איז שוין צייַט צו זיצן שבעה
און דאָס האַרץ ווערט מיר פאַרגליווערט,
נאָר דער מלאך־המוות בלינדער

בשום אופן ט'ניט געוואָלט
האַלטן מענטשן גאָר פאַר גאָלד, —
פערצן — איז דאָך אַ סאָנעט.

מיט אַ קוויטש: "אַללאַ איז גרויס"
וואַרפט די שורות ער אַרויס
אינעם תהום. און — ז'אָפּגערעדט.

* * *

אַזוי־אָ מיר זיצן שבת אינדרײַען —
איך, מײַנע ליכט און מײַן גאָט...
און דאָ קריכט אַרײַן אינעם צימער די פּערטע...
עס ווילט זיך מיר שרײַען, נאָר ווער וועט דערהערן
מײַן קול אין דער הייליקער שטאָט,
ווען דאָ, אין מײַן דירה
מיר זיצן אינדרײַען —
איך, מײַנע ליכט און מײַן גאָט?...

ווען השם וועט אַנטשלאָפן,
אַ גרויסער און מידער,
גלײַך ווי נאָר וואָס נאָך בראשית, —
עס צאַנקען די ליכט אין די לײַכטער און ווידער
קריכן אַרײַן אינעם זייגער קוקאָוועס...
און מיר בלײַבן זיצן אינדרײַען, —
מײַן עלנטקייט, איך און מײַן שבת.

* * *

שפּיל, גאַסן־פידלער, שפּיל,
צעזעץ די גרויע שטיינער, —
מײַן שכן, דאָקטער שוואַרץ
האָט מיר געהייסן ווײנען.

שפּיל, גאַסן־פידלער, שפּיל,
פאַרגעס אין דער פּרנסה.
דײַן פידל הײַנט צו נאַכט
זאָגט קדיש ווי אַ יתום.

ווײן, פידל, איך פאַרשטײ
פאַרוואָס ווײנט אַן אלמנה.
האָט בײַ מײַן פידל אויך
געפּלאַצט די לעצטע סטרונע.



# אַ פּענצטערל אין דײַן נשמה



עס גייט מיר כאָדאָראָם דער קאָפּ, –
דער אמת קושט זיך מיטן שקר...
דור אײַן – דור אויס, אַרויף – אַראָפּ, –
ווערט שטאַרקער נאָר דער אונטערלעקטער.

אין דעם־אָ שווינדל קען מען דען פאַרשטיין
"זײַן צי ניט זײַן" און ווער איז ווער?
און דו? ווער ביסטו? ליים צי שטיין,
אַ ווילדע צאָפּ צי גאָר אַ בער?

מע לויפט און לויפט... חכמים, תמעוואַטע,
אַ מלך אויף אַ שעה, אַן אַלטע שמאַטע...
געליבטע מײַנע, זאָלסט מיר זײַן געבענטשט,
וואָס דו ביסט נאָר אַ וואוילער מענטש.

## א

פּאַראַן אַ צוזאָג
פון גאָט צו מענטשן —
דער רעגנבויגן,
רעגנבויגן.
הײַנט אויף דער נאַכט
אָנשטאָט די ליכט דערלויב מיר בענטשן
נאָר דײַנע אויגן,
דײַנע אויגן.
ווען פון דער כמאַרעס ברוסט
האָט אויפגעהערט דער רעגן
די ליבע זויגן,
ליבע זויגן,
ס'האָט זיך צעגאָסן
צווישן אונדזערע צוויי ברעגן
דער רעגנבויגן,
רעגנבויגן.

## ב

אַ פענצטערל... אַן אָסיענבילד...
דײַן פּנים איז באַרעמלט מיט געבלעטער...
און מײַן נשמה פירט
אַ געלן שמועס מיט די בלעטער.
און מײַן נשמה פילט
די תפילה וואָס אין דײַנע אויגן,
און דער געזאַנג איז מילד
גלײַך ווי אַ פלאַטער פון אַ פויגל,
און דאָס געזאַנג מיך רירט –
אַ שטיל געוויין פון בלומען שטומע.
העט־ווײַט אַ פידל שפּילט
אַ וויגלידל. עס בענקען בלומען.
אַן אומבאַפלעקטע ווײַסע טויב
שוועבט אין דער לופטן ווי אַ ניגון,
און אין דער קאַלטער שויב
די טויב קלאַפּט מיט די שוואַכע פליגל.
זײַ אָפּגעהיט... זײַ אָפּגעהיט...
די געלע טויבן דײַנע אויגן גלעטן.
אַ פענצטערל... אַן אָסיענבילד...
דײַן פּנים איז באַרעמלט מיט געבלעטער.



## ג

דער מלאך געשטאַנען בײַ נאַכט בײַ מײַן בעט,
כ'האָב תיכּף דערפילט מיט די ליפּן זײַן אָטעם.
מיט פליגל ער האָט מײַנע אויגן געגלעט —
אויף וויעס ז'געבליבן דער גאָלדענער שאָטן.

## ד

און דייַן פּנים איז בלאַס
אין דער ראַם פונעם פענצטער...
כ׳בעט דיך, זייַ ניט אין כעס
אויף דעם בלעטערפֿאַל שענסטן,
כ׳בעט דיך, זייַ ניט אין כעס
אויף די טויבעלעך געלע —
ס׳איז פֿאַרפּלייצט שוין די גאַס
מיט די גאָלדענע וועלן.
ס׳איז פֿאַרפּלייצט שוין די גאַס
מיט די פֿייַערלעך לעצטע.
און דייַן פּנים איז בלאַס
אין דער ראַם פונעם פענצטער.



ה

דו האָסט געעפנט דײַנע הענט
ווי טויערן פונעם גן־עדן.
אַן עפּל אויף דײַן דלאָניע ברענט...
איך בעט דיך, שווײַג. מע דאַרף ניט ריידן.

## וו

מײַן דלאָניע האָט פֿאַרגעסן שוין
ווי צאַפּלען דײַנע בריסט...
בײַ נאַכט
די פֿינגער שטויסן זיך נאָר אָן
אויף צוויי פֿאַרשטומטע בערגלעך פֿונעם עבר...
איך הער זיך צו
ווי ס'פּאַלט
אַ זילבער־קלינגענדיקע האָר
פֿון דײַן, מײַן בורא, באָרד
אויף נײַ־געבוירן גרעזל פֿון איר אָטעם...

ז

עס קומט דער אָסיען ווי אַ פרוי
צו שפּעט — כ׳בין שוין ניט הי.
די גרעזער בענקען נאָך דעם טוי
און וויינען אין דער פרי.

האָט צוגעגנבעט הייַנט מייַן בוים
דאָס גאָלד פון דייַנע האָר.
נאָר דער אַרום איז ריין און קלאָר, —
זאָל ליכטיק זייַן דייַן טרוים.



ח

ווען דער טאָג איז אַנטשלאָפן געוואָרן
אויף די הענט ביי דער ערד ווי אַ קינד,
האָט דער עלנטער רעגן אין קאָרן
שטיל באַוויינט די פאַרבלאָנדזשעטע זינד.

## ט

אַ שטילער האַרבסט...
עס ברענען ליכט
אין דעם פאַרנעפּלט־ווייַסן וואַלד.
און פון מייַן האַרץ
גלייַך אין דער ליד
אַ געלער בלאַט אומעטיק פאַלט.

איך שטיי בייַם פענצטער...
דריבנער רעגן
דערעסנדיק קלאַפּט אין דער שויב.
פון לאַנגן וואַרטן
אויף דער טרעפונג
מייַן האַרץ ז׳געוואָרן בלינד און טויב.

עס אָוונט שוין...
די פייַכטע בלומען
זעען אויס ווי עופעלעך, — ס׳איז קאַלט.
גלייַך ווי אַ טרוים
האָט זיך צעשוואומען
דייַן אומפאַרגעסלעכע געשטאַלט.



י

וואָס שעפּטשען מײַנע ליפּן שלאָפנדיקערהייט,
וואָס שעפּטשען מײַנע ליפּן צו די שטערן?
צי אפשר וועט דער חלום מיר דערקלערן
פון דײַנע פינגער פלאַמענדיקע רייד?

## יא

ווען איך וואָלט געקענט באַנעמען
דיך מיט מײַנע מידע אויגן,
און פון דײַנע שטילע אויגן
כ׳וואָלט געקענט די שטילקייט זויגן.

ווען איך וואָלט געקענט צערונען
ווערן אינעם סאָד פון דײַן נשמה,
פון דײַן שמעקנדיקן נאָמען
כ׳וואָלט געקענט דאַן שאַפן בלומען.

## יב

כ'וועל אין דיר פֿאַרגעסן
אינעם העלן טאָג
נאָר מיט דיר כ'וועל מעסטן
אַלץ וואָס איך פֿאַרמאָג.

דו אין מיר וועסט לעבן
ווי אַ שטילער גלאָק –
כ'וועל אין דיר פֿאַרגעסן
אַלץ וואָס איך פֿאַרמאָג.



יג

די פֿליגל פֿונעם שבת
ליגן אויף מײַן קאָפּ.
מיט שײַן־געקרױנטע פּאַװעס
פֿון הימל גײען אַראָפּ.

## יד

פונעם שלאָף איך כאַפּ זיך אויף.
– מודה אני לפניך...
ווינטן בייזע, ווינטן פרעכע,
אפשר ווייסט איר וואו געפינט זיך
איציק מאַנגערס ווייַסע שאָף?
ש – ש – ש – האָף, ש – ש – ש – האָף...

## טו

דאָרט, וואוהין מײַן שכל
קען זיך ניט דורכשלאָגן,
דאָרט, וואו מײַנע אויגן
קענען גאָרניט זען
דאָרט, וואו מײַנע ליפּן
אינעם ווײַטן קאָסמאָס
זוכן דײַנע אויגן,
פול מיט פרילינג־גראָז, —
אין די ווייכע קנייטשן
אויף דײַן קליינער דלאָניע
ליגט און שלאָפט דער אָטעם
פון מײַן גרויסן סוד.

## טז

בײַ דער געזעגענונג האָב איך דערהערט:
"זיי אָפּגעהיט"... עס ציטערן די הענט...
און אויגן קוועטשן זיך גלײַך אין דער שויב אַרײַן —
צוויי קאָרנבלומען שרײַען מיט דער הימל־שײַן.

# א

דער פויגל־פּאַרגעפּיל
האָט זיך געמאַכט אַ נעסט
ביַי מיר אין האַרצן...
ער וועקט מיך אויף ביַי נאַכט
און פּאָכעט מיט די פליגל,
הייבט אָן צו וויינען, ווי אָ וואָלף,
וואָס האָט דערפילט אַ שאָף,
אַן אומבאַפּלעקטע וויַיסע שאָף.
איך וויל אים זאָגן גליַיך,
אַז ער האָט זיך פאַרפּלאָנטערט,
אַז כ'בין אַ זינדיקער און פּראָסטער בשר־ודם,
און אויב ער האָט שוין אויפגעוועקט מיך
שפּעט ביַי נאַכט
טאָ זאָל איך האָבן כאָטש אַ פאַרגעניגן
צו הערן ווי עס קלאַפּט ביַי נאַכט
דאָס האַרץ פון מיַין געליבטער.
מע קען נאָר רעדן צו די ווענט, —
דער פויגל יאָמערט און אין דעם־אָ קוויטשעריַי
איך הער ניט גאָרנישט
נאָר סע הריזעט מיך אַ רולאָזער געדאַנק,
אַז ס'האָט אַן אַנדער פויגל־פּאַרגעפּיל
געמאַכט פאַר זיך אַ נעסט
ביַי דיר אין האַרצן...

## ב

דער פויגל־פּאַרגעפיל
וואָס לעבט בײַ מיר אין האַרצן
האָט הײַנט בײַ נאַכט דערפילט,
אַז ער ז׳געוואָרן רײַף
און מוז האָבן אַ חתונה.
נאָר שטעלט זיך פּאָר, דער חוצפּהניק,
וואָס האָט געמאַכט פּאַר זיך אַ נעסט
בײַ מיר אין האַרצן
וויל תיכף ומיד
עס זאָל קומען צו פליִען
דאָס מיידל־פויגל־פּאַרגעפיל
וואָס לעבט בײַ דיר אין האַרצן.
פון איין זײַט
בין איך יאָ צופרידן
אַז דו וועסט קענען זיך אָפּרוען
און פון דער צווייטער זײַט...
נאָר שטעלט זיך פּאָר...
איז ווי צו מײַנע יאָרן,
וואָס ס׳וועט זיך טאָן בײַ נאַכט,
ווען אָט די צוויי דערפּאַרונגלאָזע פייגל
וועלן זיך אויפהייבן...
וואָס פּאַר אַ נאַכט האָב איך געהאַט...
אַ רוח זיי אין די זײַטן...
באַלד גיי איך צו מײַן חבר צו
וואָס אַרבעט אין דער צײַטונג "חדשות"
און כ׳וועל אים בעטן ער זאָל אָפּדרוקן
אַ מעלדונג:
איך בײַט צוויי פייגל־פּאַרגעפיל
אויף שרפים מיט זיבן פליגל.
צו קלינגען טאָג ווי נאַכט...
עס קאָנען זײַן דאָך וואַריאַנטן...

### ג

אין ערגעץ ניט, מײַן ליבער
קענען מיר ניט זײַן איינע אַליין, —
עס יאָגט אונדז דער המון
פון אומעטום. דאָס איז בײַ טאָג.
און ווען בײַ נאַכט איך ליג אין בעט
און טראַכט, אַז דאַנקען גאָט אַצינד
מיר זײַנען שוין געבליבן אויף דער וועלט
איינע אַליין, איך — דאָ און דו —
פּאַר טויזנט מײַל פון מיר און נאָר
די ריינע און דורכזיכטיקע מחשבות
עס בינדן אונדז צונויף אויף אייביק,
און מיר,
מיר זײַנען גליקלעך, —
איך דאָ און דו —
פּאַר טויזנט יאָר פון מיר...
ס'איז דאָך אַ חלום, יאָ,
ס'איז נאָר אַ שיינער חלום...
די שטערן קוקן מיר אַרײַן
אין דער נשמה.
און די לבנה,
זי, מײַן אונטערשטיציע,
וויל זי אויכעט זײַן אַן עדות
פון אונדזער ליבע...
געליבטער מיינער,
און אויך אויף יענער וועלט
וועל איך ניט קענען זײַן
אַ בענקל אונטער דײַנע פיס...

מײַן גאָטעניו, ס'איז דאָ דאָך אויף דײַן וועלט
אַ ווינקעלע,
וואו איך מיט מײַן געליבטן
זאָלן קענען זײַן בכלל איינע אַליין?

# א

מיר זײַנען געפֿלויגן
הויך איבער די ביימער,
אָננעמענדיק זיך בײַ די הענט.
און ס'איז געשטאַנען
אַזאַ מין שטילקײַט
אַז ס'האָט זיך אפילו געהערט
וויאַזוי
עס בענקען די ביימער.

ב

מיר זײַנען געשטאַנען
בײַם עק
פון דער אַלטער גאַס.
איך האָב זיך פאַרקוקט
אויף די טראָפּנדלעך רעגן
וואָס טריקענען ניט
אויס אויף דײַן פּנים.
און פּלוצעם
האָבן מיר געזאָגט דײַנע אויגן
אַזעלכע ווערטער,
וואָס כ'האָב זיי קיין מאָל
ביז איצט ניט געהערט.

ג

איך האָב דיך לאַנג באַגלייט
מיט די אויגן.
דו ביסט געפלויגן
שטיל אין דער לופטן,
לאַווירנדיק
צווישן די מענטשן אוןביימער.
און עס איז געשטאַנען
איבער דער וועלט
אַ קלעמענדיקע שטילקייַט.

ד

איך וויל זיך צודריקן
צו דײַן האַרץ
און דערהערן ווי עס קלאַפּט
קלינגענדיק דער רעגן
אין דער שויב
פונעם אָפענעם פענצטער.

## ה

נאָר ניט לאַנג צוריק
האָט דאָס געדיכטע
גרין־געוויקס
פאַרשטעלט מײַן פענצטער.
אָבער הײַנט
זע איך פונדאַנען
צוויי שרײַענדיקע שטאָרכן.

וו

אַזוי, ווי דאָס ווייַסע
נאַכט־פּלאַטערל
פליט אויף דער שייַן,
אַזוי אויך דו
שפּאַצירסט אין רעגן
אין אַ ווייַסן מאַנטל.

ז

איך האָב געוואַרט
אויף דיר צו לאַנג
מיט די פאַרמאַכטע אויגן,
אָבער דו ביסט אַרייַנגעגאַנגען
מיט שטילע טריט
און כ'האָב דערפילט
דעם רעגן
אויף דייַנע ליפּן.

## ה

ווען ס׳זייַנען
אַנטשטילט געוואָרן די גלעקלעך
פון דייַנע שיכעלעך
האָב איך דערזען,
אַז דו האָסט אַ פּאָך געטאָן
מיט די הענט,
גלייַך ווי מיט פליגל
און ביסט צערונען געוואָרן
אין די זונענשטראַלן.

## ט

מיר האָבן זיך צוזאַמען געפּרייט
מיט די קליינע בלעטער
אויפֿן פֿלידער־קוסט בײַ מײַן פֿענצטער.
הײַנט זשע
נאָר די שוואַרצע צווײַגן
קלאַפּן
אין מײַן האַרץ אויף דעם קאַלטן ווינט.

י

און ווען דו האָסט
אויף דער געזעגענונג
געמאַכט מיר מיט דער האַנט
האָב איך אַ טראַכט געטאָן,
אַז גלײַך אַזוי
באַוועגט דער ווינט אין האַרבסט
מיט די פּאַרוועלקע בלעטער.

* * *

איציקל שרה־בינעס
וואָס דרייסטו זיך רונד־אַרום
מיטן הויך צום הימל פּאַריסענעם קאָפּ?
— איַי, לאָז מיך אָפּ...

איציקל שרה־בינעס,
דער לעצטער פון די נביאים...
וואָס דרייסטו זיך אום
טויזנטיאָריקערהייט
אין די גראָבע קאַלאָשן?
— האַ־אַ־ קוק זיך איַין
אין דער בידנער יבשה...

איציקל שרה־בינעס,
מע זאָגט, אַז דיַינע קאַלאָשן
האָסטו געמאַכט פון די רעדער
פון אַ פערפעטום מאָבילע.
צי האָבן רכילות אַ ווערט?
איציקל שרה־בינעס
פּאַרייַסט דעם קאָפּ צו שטערן:
— ווייַן ניט גאָט,
פון דיַינע טרערן
ווערט אַ בלאָטע אויף דער ערד...

* * *

אין דער לופטן ס׳הענגט אַ שטיבל,
אויף דער גאַס איז פּוסט און שטיל,
נאָר מיט ווײַזערס, ווי מיט פליגל
ס׳דרייט די צײַט — די אַלטע מיל.

ס׳גייט אַ רויכל פונעם קוימען
און ס׳צעגייט זיך אין דער ווײַט...
ווער זשע ברענט דאָרט אינעם אויוון,
אינעם אויוון פון דער צײַט?

ווער ט׳געגעבן די הסכמה
זאָלן הייצן יאָרן לאַנג
מיט זײַן פלאַמיקער נשמה
דעם באַוועגער פון דער צײַט.

כ׳האַלט זיך פאַרן שוואַכן שטריקל —
כ׳הער זיך צו שוין דורות לאַנג
צו דעם יונגן פּאָמפּעדיקל,
צו זײַן אייביקן געזאַנג.

— שטעל זיך אָפּ כאָטש אויף אַ רגע,
גיב מיר מעגלעכקײַט צו זען
דײַן נשמה, דײַנע ברעגן
וואו ס׳נאָך קיינער ניט געווען.

זאָג מיר צו, מײַן צײַט, מײַן וואוילע,
כאָטש איין קוש — סע פלאַמט די באַק...
כ׳האָב דערהערט: "הבל הבלים"...
און מער גאָרנישט... טיק — טיק — טאַק...



# אַ תפילה

כ׳האָב אויפגעהערט צו שרײַבן לידער...
מײַן גאָט, איך בעט דיך, שענק מיר ווידער
דאָס לעבן פון אַ נע־ונד —
עס זאָלן צאַפּלען אַלע גלידער
בײַם הויכן טויער פון דער צײַט.

כ׳האָב אויפגעהערט ליב האָבן פרויען...
מײַן גאָט, איך בעט, זאָלסט פונעם גרויען
און שווערן חלום מיך אויפוועקן, —
זאָלסט מיטן הימל מיטן בלויען
די פרישע וואונד מײַנע צודעקן.

כ׳האָב אויפגעהערט צו גלייבן מענטשן...
מײַן גאָט, איך בעט דיך זאָלסטו בענטשן
פאַרבלאָנדזשעטע נ׳דעם ווײַטן וועג, —
בײַ קיינעם זאָלסטו ניט אָפּנעמען
דאָס רעכט אויפן פאַרדינטן גיהנום
און ס׳רעכט אויף אַ געגאַרטן ברעג.

# גלות

ס'וואָרקעט פונעם שלאָף אַ טויב,
שאָרכעט מיט די בלעטער.
אפשר פריִער, אפשר שפּעטער
איך וועל אויכעט ווערן טויב
ווי די נאַכט.
איך קען ניט שלאָפן,
ווייַל די מרה־שחורה וואַכט
האָט מיך צוגעדעקט און לאַכט...
שרעק מיך, שרעק, נאָר זאָלסט ניט שטראָפן,
די נשמה־וואונד איז אָפן,
פונעם גוף וויל זי אַנטלויפן
אין דער נאַכט.
ניט דאָ געדאַכט.

* * *

דאָרט,
אינעם שטילן קאַפע,
וואו איך טרינק יעדן טאָג
מײַן טעפּעלע קאַווע,
דאָרט,
וואו איך קוק זיך אַרײַן שעהענלאַנג
אין דער אַלטער גראַוויור, —
מײַן בן־יחידל יצחק
ליגט אויפן הויכן און קאַלטן מזבח.
אוי, רבונו־של־עולם, הײַנט אין דער פרי
האָב איך פּלוצעם דערזען,
אַז די אַלטע גראַוויור
איז פאַרשוואונדן געוואָרן,
נאָר פון דער וואַנט,
גלײַך דאָרט, וואו ס'געפינט זיך דאָס האַרץ,
שטאַרצט
אַ צעבראָכענער שופר.

* * *

דער רעגן, ווען ער וואָלט געקענט
צו זײַן אַ טרער פֿון מײַנע אויגן,
ער וואָלט געקענט דאַן זײַן אַ יום־טוב
פֿאַר די, וואָס בלאָנדזשען אויף דער וועלט...

דער רעגן, ווען ער וואָלט געקענט
אויפוועקן מענטשן פֿונעם שלאָף,
אין וועלכן זיי ווי די אומזיניקע עקשנים
פֿאַרוויגן אָן אַ סוף דאָס טויטע קינד...

איך בעט דיך, רעגן,
הער שוין אויף צו וויינען...

דער רעגן, ווען ער וואָלט געקענט...

* * *

עס האָט זיך מיט אַ מאָל
איבערגעקערט די וועלט...
און דאָס קדמונישע געשריי
האָט בשום אופן ניט געקענט
געפינען דעם אַרויסגאַנג אין דער פינצטער.
שיִער ניט דערשטיקט אין זיך אַליין
עס האָט זיך ווילד געטראָגן מיט אַ פרייד
איבער די הימלען
און איז געבליבן ליגן
ווי דער ערשטער שניי
גלײַך בײַ דער שוועל פונעם גן־עדן.

* * *

דער ווינט האָט צעבראָכן מײַן שירעם.
אַ דאַנק דעם איך רעד מיטן הימל,
אַזוי ווי מע רעדט מיט די קינדער.
פֿאַרוואָס ווײנט אַ קינד?
קײנער ווײסט ניט... נאָר אפֿשר
כ'וועל קענען אײַנשטילן
דעם אײביקן ווײטיק פֿון קינדער, —
דעם אײביקן ווײטיק פֿון הימלען...

די דינינקע בליקן פֿון רעגן
האָבן דערגרײכט צו מײַן ווײטיק.
איך שטײ ווי אַ קינד אין אַ רעגן
דער ווינט האָט צעבראָכן מײַן שירעם,
אַ דאַנק דעם רעד איך מיטן הימל.

## א

אַ קדמונישער פּחד נעמט מיך אַרום,
(די נשמה איז פרום),
די וועלדער די ווילדע
הייבן אָן אין מיר וואַקסן, –
עס פאַרפּלייצט מיך
דער ביטערער זאַפט פון דער ערד,
גלײַך ווי דער ווילדער המון.
שוין!
די אויגן מיר ווערן גאַנץ טויב
און בלינד ווערן פּלוצעם די פינגער.
אַ גוואַלדיקער זשום, אַ האַרמידער,
די גלידער
ווערן צעפּלעטשט און צעקוועטשט.
די נשמה
קוים־קוים וואָס זי צאַפּלט...
נײַן!
רבונו של עולם,
ניין, וואַרט נאָך אויס!
דו זעסט
אַ טראָפּנדל שײַן
רײַסט זיך אַרויס
פון דער שרעקלעכער הייל,
פונעם שוואַרצן טונעל.

## ב

צי האָט איר אפשר אַ מאָל געזען, —
די גאַנצע שטאָט
פאָרט אין אַ וואָגן מיט פאַרמאַכטע אויגן?...
און אפשר מיינט איר
אַז די אַלע מענטשן שלאָפן?
ניין... חס וחלילה...
זיי מיינען, נאַראָנים,
אַז זייערע וויִעס
קענען פאַרטיידיקן זיי
פונעם טאָג — שווינדלעריַי
און אויך פון דער צוקונפט.
אַ מעשה פון איַיזן...
— מיַין ליבער בורא,
זאָג, וואו
זאָל איך נעמען
די דינינקע וויִעס
זיי זאָלן צודעקן
מיַין איידעלע, שוואַכע נשמה?...

### ג

אַן אַלטע – אַלטע קראָ
האָט ניט געהאַט קיין כוח מער
צו לעבן אויף דער וועלט.
זי איז געליגן אויף דער ערד
און האָט געוואַרט
ווי אַ יאַפּאַנישער מאָנאַך,
וואָס לייגט זיך לעבעדיקערהייט אין גרוב אַריַין...
(פון ציַיט צו ציַיט
דאָס גלעקל גיט אַ קלונג:
– דין – דאָן, דין – דאָ – אָן...)
אָט נאָך אַ רגע
און דער חתן אין די וויַיסע בגדים
וועט קומען און וועט זאָגן שטיל:
– דו ביסט מיַין כלה...

## ד

מײַנע ברידער, נאָך די שווערע,
נאָך די שוואַרצע גלות־טעג,
אין דער שײַן פון ד׳אַלטע שטערן
כ׳האָב דערזען דעם נײַעם ברעג.

ס׳איז אַ פּוסטקײַט, אַ בית־עולם, –
שטײנער, שטײנער. אויפן וועג
שטייט אַ שטילער שטומער גולם
און מער גראַניט. ס׳נעמט אַ שרעק.

גאָט צו דאַנקען, דער בטחון
איז אין מיר נאָך ניט געשטאָרבן,
פון בילבולים ניט צעבראָכן,
כ׳לעב און האָף, כ׳בין ניט קיין קרבן.

מײַנע ברידער, נאָך די שווערע,
נאָך די אומעטיקע טעג,
האָב איך יאָ אַן אַנדער ברירה –
צו די אָבות ליגט מײַן וועג.

## אַ ראָנדאָ־באַלאַדע

דער אַלטער סאָלדאַט אַבראַשע
האָט ליב געהאַט דאָס לעבן.
אַזוי האָט געלערנט זײַן מאַמע,
אַזוי האָט געקנעלט אויך זײַן רבי.
אָבער פון אונטער דער חופה
איז ער פיר יאָר געלאָפן, —
ביז אַקסלען אין בלוט און בלאָטע, —
אַזוי האָט געלערנט דער ווזוואָדנע,
אַזוי האָט געפאָדערט דאָס לעבן.

דער אַלטער סאָלדאַט אַבראַשע
האָט ליב געהאַט זײַנע קינדער.
אַזוי האָט געלערנט זײַן מאַמע,
אַזוי האָט געלערנט זײַן גאָט.
אָבער די גאָלדענע קינדער,
אָבער די טײַערע קינדער
זײַנען מיט ביטערע טרערן
עולה געווען קיין ישראל, —
אַזוי האָט געלערנט די תורה,
אַזוי האָט געפאָדערט דער גלות.

דער אַלטער סאָלדאַט אַבראַשע
האָט אַלע זײַנע מעדאַלן
אַוועקגעלייגט אויפן טיש, —
אַזוי האָט געפאָדערט דער שטרענגער,
אַ ביסל אונטערגעטרינקענער
יונגער סמאַרקאַטש וואָיענקאָם.
גיי ווייס, ווער האָט אים געלערנט
צו זײַן אַזוי בייז צו די מענטשן?...
אפשר דער בראָנדזענער אָפּגאָט
און אפשר דאָס גלעזעלע ווײַן...

דער אַלטער סאָלדאַט אַבראַשע
בײַ זיך אין דעם היים אין חיפה
פלעגט הערן כמעט גאַנצע טעג
די לעצטע נײַס פון מאָסקווע:
— אונדזער ירושלימער קאָרעספּאָנדענט גיט איבער,
אַז הײַנט בײַ נאַכט זײַנען באַשאָסן געוואָרן מיט איראַקישע
"סקאַד־ראַקעטן" די שטעט תל־אביב און חיפה.
עס זײַנען פֿאַראַן קרבנות.
בײַם אַלטן סאָלדאַט אַבראַשע
דאָס האַרץ האָט געפּלאַצט פֿאַר בושה, —
אַזוי האָט געלערנט זײַן מאַמע,
אַזוי האָט געלערנט זײַן גאָט.

דער אַלטער סאָלדאַט אַבראַשע, ז"ל
האָט שטאַרק ליב געהאַט דאָס לעבן.
דער אַלטער סאָלדאַט אַבראַשע, ז"ל
האָט שטאַרק ליב געהאַט זײַנע קינדער.
דער אַלטער סאָלדאַט אַבראַשע, ז"ל
האָט שטאַרק ליב געהאַט צו הערן
פון מאָסקווע די לעצטע נײַס.

## מיַין מאַמעס הענט

אָ, טיַיערע און צאַרטע נשמות
איר זענט אָנגעזאַפּט מיט די ווייטיקן
פון דער גאָרער וועלט.
אָ, מאַמעס פון אומעטום,
איר זענט די קרוין פון דער וועלט.
אָ, מיַין ייִדישע מאַמע!
איך ריר מיך צו צו דיַינע הענט
ווי צו דער גרעסטער הייליקיַיט.
דער פּאַרמעט פון דיַינע הענט איז פאַרשריבן
מיט קנייטשן, ווי מיט טיפזיניקע שורות.
איך לייען אין דיַינע הענט
פרייד און טרויער,
ליידן און חכמה.
בלויע ווענעס, ווי אָנגעפילטע טיַיכן,
דערקוויקן דעם אַלטן פּאַרמעט.
יעדער קנייטש איז אַ צייכן צום זכרון
פון דיַינע ווייטיקן, מאַמע.

אַלע דיַינע וואַכע נעכט
אַלע דיַינע טרייסטלאָזע טרערן,
יעדער טראָפּ פון דיַין בלוט, –
דאָס אַלץ
איז איַינגעזאַפּט אין דעם פּאַרמעט.

איך קום צו מײַנע אָבות,
שלאָג זיך דורך אַ וועג
דורך די ביינער אין אוישוויץ,
דורך דעם בלוט
אינעם טײַך רײַן.
אין די קנייטשן פון דײַנע הענט, מאַמע,
זע איך די אייביקײַט
פון מײַנע אָבות.

די זקנים,
שעפּטשענדיק הינטער די בערד:
"שמע, ישראל"...
האָבן דערטראָגן צו אונדז פון די חורבות,
באַגאָסן פון בלוט,
פון די שײַטערס, ליכטיקער ווי די זון, —
מײַן מאַמעס הענט.

הערט,
דאָרשטיקע צו וויסנשאַפט,
באַמיט אײַך ניט מיט ביבליאָטעקן,
טוליעט אײַך צו צו מײַן מאַמעס הענט.
קיין איין אוצר פון חכמה,
קיין איין מוזיי אין אוניווערסום
קאָנען ניט אײַנזאַפּן אין זיך
אַזוי פיל וויסן
און אַזוי פיל ליידן,
ווי מײַן מאַמעס הענט.
פּרוווט פאַרשטיין דאָס אוממעגלעכע,
פּרוווט אַרומנעמען דאָס אָנזעעוודיקע,

רירט אײַך צו
צום קוואַל פון לעבן –
טוליעט אײַך צו
צו מײַן מאַמעס הענט.

אָ, פּאַרמעט פון מײַן מאַמעס הענט,
איך קוש דיך ווי אַ הייליקײַט.

און טאָמער וואָלט מײַן וואָרט
געקאָנט
ווערן אַן אויסקויף, –
זאָל עס ווערן.



# דאָס שוואַרצע לופּטל

די נאַכט איז געקומען אומבאַמערקט...
איך פאַרמאַך מײַנע אויגן און קלאָר שטעל זיך פאָר,
וויאַזוי דאָס אַלץ איז געווען.

דער קלאַנג איז געבליבן הענגען
אין דער לופטן, אָנפילנדיק מיט זיך דעם אַרום.
איך זע אַ ייִנגעלע, עס האָט אָנגעשטרענגט
זײַן אויער און הערט זיך צו צו דעם קלאַנג
ווי אַ באַצויבערטער, איך זע ממש די קויל,
וואָס זי פליט אין דעם ייִנגעלע, איך שטרעק אויס
מײַנע ציטעריקע הענט, איך מאַך אַ פּרוּוו
צו פאַרטיידיקן דאָס אומבאַהאָלפענע קינד.
— ייִנגעלע, איך רײַס זיך אַרויס פון דעם חלום...
איך רײַס זיך אַרויס פון דעם חלום
צו העלפן דיר.

די קינדער זײַנען פֿאַרשפּאַרט אין דער אַלטער מיל
אויפֿן ראַנד פֿונעם דאָרף. הונדערט און פֿופֿציק
הרודקעלעך לעבן... דרײַ טעג אָן וואַסער,
אָן עסן, דרײַ טעג פֿאַמעלעכער טויט... אויפֿן
פֿערטן טאָג ווײנען די קינדער שוין אָן טרערן.
און די נאַכט איז געקומען אומבאַמערקט...

— זיידע, גיב אַ קוק אַ מינע שיינע שטערן... אָט דער
שטערן פֿינטלט אַזוי ווי אַן אויג... גיב אַ קוק,
דאָס מיידעלע שטייט ביי דער וואַנט, און עפּעס
זי האַלט אין דער האַנט. קוקט אויף דעם וואַך־סאָלדאַט,
וואָס שטעלט זיך איבער פֿון איין פֿוס אויפֿן אַנדערן.
נאָר אָט קערט ער זיך אָפּ פֿון דער וואַנט!
דאָס מיידעלע לויפֿט צו און וואַרפֿט אַרײַן אינעם שפּאַלט
עפּעס, וואָס זי האַלט אין דער האַנט,
און אַנטלויפֿט. דער וואַך־סאָלדאַט דרייט זיך אויס
צום מיידעלע, נעמט זי אָן בײַ דער האַנט
און זאָגט איר אויף רומעניש:
— אויב כ׳וועל דיך נאָך אַ מאָל זען, וועסט כאַפּן אַ קויל
גלײַך אין קעפּל.

איך קאָן ניט אײַנליגן אין מײַן חלום:
— וואַך־סאָלדאַט, פֿאַרוואָס ביסטו געווען אַ וואוילער
נאָר אין אויגנבליק, פֿאַרוואָס?

— דודל, וואָס איז דאָ אין פּאַקעטל?
— באַלד וועל איך עס אָפּוויקלען... אוי, זיידע, דאָ ליגט
ברויט מיט אַ שטיקעלע ברינדזע...
— גיב עס מיר, דודל, כ׳וועל עס צעטיילן פֿאַר אַלעמען...

— זיידעניו, וויאַזוי וועסטו צעטיילן? פאַר אַלעמען וועט ניט סטייען,
מיר זײַנען דאָך אַ סך, אַ סך.
— אוי, נאַריש דודל, פאַר אַלעמען — דאָס הייסט
נאָר פאַר די קינדער.

אַלע דאָרשטיקע פון מײַן חלום, איך וויל
אײַך אָנפּאָייען, און יעדן געבן אַ שטיקעלע ברויט.

— גאָטעניו, וואָס איז דאָס עפּעס? דו וויינסט, דער זיידע
וויינט, איר פירט זיך ווי קליינע קינדער. ווען
דער טאַטע, מירטשעם, וועט קומען, וועל איך אים דערציילן, וויאַזוי
איר פירט זיך אויף ...

דודל, אוי ווײ, מײַן דודל,
לופטל דו מײַנס, מײַן שוואַרץ לופטל,
דײַן טאַטע ליגט אויפן שלאַכטפעלד
אין דער נאַכט לעבן אַ קוילנוואַרפער
און קוקט מיט די טויטע אויגן אין הימל אַרײַן...

— זיידעניו, וואוהין גייען מיר? און פאַרוואָס גייען מיר
צופוס בײַנאַכט? זע, סאַראַ שיינע לבנה!
ביי אונדז איז זי טאָקע די שענסטע
לבנה אין דער וועלט. אַיאָ, זיידעניו? די לבנה איז
ווי די זון, עס זעט זיך אַלץ אַרום. אוי, זיידעניו, גיב נאָר אַ קוק,
וואָס פאַר אַ גרויסע גרוב... און איך וויל שלאָפן אין שטוב.
באָבעניו, פאַרוואָס טוסטו מיר אויס די מײַטקעלעך? ס'וועט זײַן
מיר אַ בושה. באָבעניו, און דער זיידע, ביידע הויל־נאַקעט.
אוי, פאַרוואָס שיסן די סאָלדאַטן?
ס'איז דען הײַנט אַ פּאַראַד?

— רעד ניט, דודל... קום צו מיר אויף די הענט.
איך וועל דיך אַ ביסל דערוואַרעמען... שלאָף, מײַן ייִנגעלע, שלאָף...

– זיידע, ווען איך וועל אויפשטיין פֿאַרטאָג,
וועט שוין קומען דער טאַטע?
– יאָ, מײַן אוצר, דײַן טאַטע וועט קומען... שלאָף.

איך רײַס זיך אַרויס פֿון דעם חלום,
נאָר מײַנע הענט ווערן פֿאַריזנעט אין דער אומענדלעכקײַט.

און די נאַכט איז געקומען אומבאַמערקט...

